## אַ ר ג אָ נ אַ ו ו ט ן

מיר זיינען וואַנדערער, מיר זיינען אַרגאָנאַווטן,
וואָס ציען איבער ים אַ בלייכן שטערנוועג.
מיליאָנען ריזענהענט — פאַר׳חלש׳טע, פאַרגאַפּטע —
כאַוואַכן אונזער לויף צום אויסגעטרוימטן ברעג.

נישטאָ קיין אַנדער זין פאַר אונז, ווי מוזן זיגן,
קיין ציל קיין נענטערער, קיין אַנדער וואָג און מאָס,
ווי איבער אָקעאַן אַזוי זיך אייביג וויגן
און זען ווי ס׳פליט צוריק דער לעצטער אַלבאַטראָס.

נישטאָ קיין וועג צוריק! צום רודער האַסטיג נעגלען
די אויסגעמאַטערטע די פליגלדיגע האַנט
און שטאָליג אַנשפּיצן די רעזיגנירטע זעגלען
צום בלויען האָריזאָנט פון אָונטיגן לאַנד.

מיר זיינען האַרטנעקיג! די קרומע אַנקערס צוימען
דאָס שוימענדיגע מויל פון ווילדן אָקעאַן.
חברים־וואַנדערער, — מיט זעגלען אין די רוימען
דורך נאַכט און פינסטערניש, זאַווייע און טומאַן.

ווען זון וועט אויפטאַנצן אויף רויט־באַפלעקטע הויכן,
ווי ס׳טאַנצט דעם מערדער׳ס קאָפּ פון שוואַרצן עשאַפאָס, —
וועט זוניג אויפגיין אונזער רויטער צייכן
אין בלייכן טרויער פון דער גרויער שטאָט.

## פארביגע ווינטן

ווירבלווינטן און זעפירן,
אוראגאן און שטורמווינט,
איבער וועלטן ווארפט קאלירן:
זשמעניעס פארב און פלעקן טינט.

פולע הויפנס שווארץ און צונטער
ווארפט אויף רעכטס און ווארפט אויף לינקס.
מאלט דעם זאמד פון מדבר בונטער,
פארבט אויף גאלד דעם גרויען ספינקס.

בריקן מאלט אין בלויע צויטן,
שווארצע הייזער פארבט אויף ראז.
מאלט די שטעט אין פורפור-קווייטן,
פארבט די גאסן גרין, ווי גראז.

ברייגגט צוריק דעם אלטן תוהו:
הפקר לעבן — הפקר טויט!
שוין דערעסן הימלען בלויע —
מאלט די הימלען צונטער-רויט.

שווארצע זון אין רויטע הויכן,
פורפור-פלעקן אין דער ווייט —
דאס וועט זיין דער העלער צייכן
פון דער נייער שטורמצייט.

## ע ר ב - ש ט ו ר ע ם

אַך, ווי פֿיינליך ערבֿ־שטורעם
שטאַרבט די זון אויף גרויען דיך
פֿון דעם שפּיץ אויף וואולוואָירט־טורעם,
אויף די נעז פֿון מיינע שיך.

צווישן הימל־בלוי און וואָלקן
שווימט אַ ווייסער שטומער קאַלב —
אויסגעצוואָגן, אָנגעמאָלקן —
דער לבנה׳ס בלאַסע האַלב.

זעט: דער ערשטער שאַל פֿון שטורעם —
העלער פֿליגלדיגער בליץ —
האָט צעוויגט דעם וואולוואָירט־טורעם
און אַ קנאַל געטאָן אָן שפּיץ.

שטורעמווינט אין לויף אין ווילדן
האָט פֿון ים דערגרייכט דעם ברעג —
פֿאַלן כורעים אַלע שילדן
אויפֿן גרויסן ווייסן וועג.

מיר איז גוט צו זען אין שטורעם
פֿון מיין פֿרוש׳דיגער צעל
דעם צעוויגטן וואולוואָירט־טורעם
אויפֿגעלויכטן אין דער העל.

זען: ווי בליציגע ראַקעטן
טאַנצן איבער מאַרק און גאַס,
ווי אַריבער דעם מאַנהעטן
ברענט אַ פֿייערדיגער פֿאַס.

# דער נייער דערלייזער

ה. ליוויק'ן

ער וועט קומען.
דער וואַרזעער.
דער נייער דערלייזער.

## ער וועט קומען

איבער אונזערע קעפּ די צעשויבערטע
הייגנען אייזערנע העק פון צייטן.
און די אויגן פאַרגלייזטע, באַצויבערטע
קוקן שטאַר אין פאַרגליווערטע ווייטן.

איבער אונזערע העלזער פאַר'חלש'טע,
ווי ביי קעלבער צום שוחט געצויגן,
שפּאַנט דער שטאָלענער חלף דער שוחט'ישער,
ווי עס שפּאַנט איבער סטרונעס דער בויגן.

אויף די חורבות פון טעמפּלען און ווייגגערטנער,
וואו דאָס לעבן איז שטויביג און קויטיג, —
וועט ער אויפגיין, דער פירשט דער געפייניגטער,
מיט די ליפּן פאַרקרומטע פון ווייטאָג.

ווען ס'וועט גרייכן צו אים, צום דערוואַרטעטן,
אונזער צער, ווי אַ טראָציגער גייזער,
וועט ער קומען דורך דיר — דעם געלייטערטן —
דער גענאַרטער, דער שטומער דערלייזער.

## דער וואָרזעער

שפּיץ אָן, דו — וואָרזעער — דיין אויג
און שנייד מיט שאַרפן בליק די טיפן.
פיש אויס פון תהום דעם פּערל־רויג,
נאָר שלאָג נישט אָן דיין בליק אָן ריפן.

מיט פויסט און עלנבויגן שלאָג
אין הייזעריגן גלאָק פון מרידה, —
אַז טאַנצן זאָל די צונג פון גלאָק
אין הענט צעשוואונגענע און מידע.

שנייד דורך אַ וועג דורך שטעכיג דראָט
צו דעם פאַרשטאָפּטן האַרץ און אויער.
און שטעלט זיך דיר אַנטקעגן גאָט —
באַזיג און קרייץ אים אויף אַ טויער.

און זאָל דיין וואָרט און פויסט צוגלייך
פאַרקלינגען אין די העלע הויכן:
— „הערט אויס, איר — מידע — איבער אייך
העלט אויף אין צער דעם נביא׳ס צייכן!

— „פאַרלאָזט דאָס ווייב און קינד און פריינד,
גיט אויף די גראָשנדיגע זאָרגן —
איך בין דער וואָרזעער פון היינט,
דער אָנזאָגער פון אייער מאָרגן!“

## ד ע ר נ י י ע ר ד ע ר ל י י ז ע ר

נישט אַ רייטער אַן איילִיגער
אויף אַ פערד אויף אַ ווייסן,
נישט אַ העלד אַ גרינג־פּייליגער
וועט ער אונז זיך באַווייזן.

נאָר אַ נאַקעט־און־באָרוועסער —
אַ געהילטער אין טרויער —
ווי דער גייסט פון׳ם אור־וואַסער,
וועט ע ר קומען פון תוהו.

און אין אונזערן נישטיגן,
אינ׳ם חרוב׳ן לעבן,
וועט ע ר יעדערן משפּט׳ן
און אַלעם פאַרגעבן.

איבער פעלדער צעאַקערטע,
איבער דערפער און הייזער,
מיט אַ גאָלדענער מאַקערטע
שפּאַנט דער נייער דערלייזער.

אין די שיכטן די ליימיגע,
אין דער ערד אין דער טויטער
וואַרפט ער קערנדלאַך שוימיגע,
זריעה זוניגע זייעט ער.

אונטער טריט אונטער אײליגע
פון זײַן זוניגן שפּאַנען
װעלן אױפבליען מײליגע
קאָרנפעלדער און לאַנען.

און מיט אַרבל פאַרקאַשערטע,
מיט אַ פּנים פול לײדן,
דאָס געבענשטע גערעטעניש
װעט ער העלפן אונז שנײדן.

נאָר װען מיר װעלן פײערן
נאָכ'ן שניט מיט געזאַנגען
בײ דעם זאַמלען אין שײערן
פון דער שפע די זאַנגען, —

װעט ע ר שטײן אַ דערװײטערטער
איבער אונז אין זײַן טרױער
און פאַרגײן — אַ געלײטערטער —
אין'ם נעבל פון תוהו.

## ד אָ ס  ג ע ז אַ נ ג  פ ו ן  ת ו ה ו

.1

וואָיען ווינטן און זאַווייען.
ווירבלען ווייען און פּאַרווייען,
קנאַלן האָגלען, בלענדען שנייען,
שטורעמס אָקערן די שטעט.

שטעט צעשיטן זיך אין שטיינער,
גאַסן שטשירען שוואַרצע ציינער,
קנאַקן קעפּ און קראַכן ביינער,
היט אייך, וועלטן, תוהו גייט!

טיפן הויבן זיך אין רוימען,
רוימען נידערן אין תהום'ען.
פלאַכן שלינגען איין די זוימען,
בערג צעפּאַלן זיך אין שטויב.

קראָען שרייען איבער דעכער,
סאָוועס וויינען אין די לעכער,
קולות שווינגען העכער, העכער,
און די הימלען זיינען טויב.

גופ'ן־גייסטער, גופ'ן־רויכן,
גליען, ציען זיך צו הויכן, —
מיד פון פאַלן, מיד פון גרייכן, —
קיין דערלייזונג איז נישטאָ.

— ווער וועט שווערד פון שייד אַנטבלויזן
צי פאַר גוטן צי פאַר בייזן —
ווער וועט קומען און דערלייזן
אין דער לעצטער שעה?

.2

שלאָפט אין קלאַמערן געצווימט די מידע שטאָט.
גאַסן פוסטע — ס׳הילכט אין מח יעדער טראָט.

וואַכט די אַלטע וועלט — אַ סאָווע אין דער נאַכט — —
היט זיך, שונא, אונזער רויטע חברה וואַכט!

רויטע ברידערלאַך, חברים׳לאַך, פאָראויס,
לאָמיר מאַכן אַ באַזוך פון־הויז־צו־הויז,

לאָמיר זוכן, לאָמיר נישטערן געטריי —
אַלעס מעגן מיר, ווייל אַלעס איז אונז פריי.

אין די שראַנקען, אין די קעלערס כאַפּט אַ קוק:
אפשר וועלן מיר דערטאַפּן אַ בורזשוק.

שפּאָרט קיין קויל ניט, חברה, טוט אים אָפּ זיין רעכט —
ווער קען קלערן: ווער ס׳איז שולדיג, ווער — גערעכט?

.3

דאָס ביקסל אויף די אַקסלען,
דאָס היטל אויף אַ זייט,
שניידט די פוילע אַקסן
פון דער אייביקייט!

מיט גריוועס ווילד באַוואָקסן
אויף קרומע וועגן רייט,
צווימט די ווילדע אָקסן
פון דער אייביקייט!

מיר זיינען די געוויקסן
פון דער נייער צייט.
חברים, שפּאַרט די ביקסן
אין דער אייביקייט!

.4

שפּיצט אָן די זעגלען פון פאַנטאַזיע,
לאָזט נאָך די אַנקערס פון אָקרענטן, —
אַריבער אַפריקע און אַזיע,
אַריבער אַלע קאָנטינענטן!

גורט אָן מיט כוחות זיך גיגאַנטישע,
וואַכט אויף, רויט-פּאַניגע געשפּענסטער,
דורך וואַסער-ווענט פון ים אַטלאַנטישן
האַקט אויס צום נייעם לאַנד אַ פענסטער!

וואַכט אויף, שוואַרץ-הויטיקע, ווייס-הויטיקע,
און איר, שמאַל-אויגיקע מאָנגאָלן,
אַראָפּ פון בערג-פעלזן, פון קויטיקע,
אויף ברייטע סטעפּעס, רייכע טאָלן!

וואַכט אויף פון דרימלען טויזנטיעריקע,
ציט אויס מיליאָנען קאַראַוואַנען,
ווישט אָפּ אייראָפּע און אַמעריקע
מיט ריזן-לויף פון אוראַגאַנען!

.5

דערשטיקט די וועלט די נעכטיקע,
די מעכטיקע — די נישטיקע,
אין ווירבל־ווינט ווירוואַר.
ווער דאַרף אונז דען באַרעכטיקן,
ווער קען אונז דען פאַר'משפט'ן,
ווער איז דען אונזער האַר?

נישט שיקט פאַר רייען אייערע:
נישט בודאַ, נישט קאָנפוציוס,
נישט שדי, נישט זיין זון.
מיט אויגן, ווי די פייערבערג,
מיט פלאַם פון רעוואָלוציעס
צינדט אָן אַ נייע זון!

צוימט וועלט אין ריזן־קלאַמערן
מיט פויסטן, מיט צעשוואונגענע.
פון אין־סוף ביז אין־סוף
זאָל הילכן, שאַלן, האַמערן
אין גלאָקן אויפגעקלונגענע
דער וואָן פון אייער לויף!

## .6

## דאָס ליד פון די קאָמונאַרן

שאַלט אױס אײער רוף, קאָמונאַרן,
דעם שטאָליקן, שטורמישן, דרײסטן —
און זאָלן געהױבענע פױסטן
אין רױמען פאַרגליװערטע שפּאַרן!

מיר זײנען הפקר די ריטער,
צעשטערער פון װעלט־קאָנטינענטן,
מיר שנײדן מיט שאַרפע אָקרענטן
די ימ'ען פון בײזן געװיטער.

חברים, אַרױס פון די הײלן!
שאַרפט װערטער אָן שאַרפשטײנער שאַרפער.
מיר זײנען די טראָציקע װאַרפער
פון װערטער, װאָס טרעפן װי קױלן.

מיר זײנען נישט צװעלף, נאָר מיליאָנען
פון נײעם געזעץ אַפּאָסטאָלן.
מיר צײכנען געהײמע סימבאָלן
אױף רױטע צעפלאַטערטע פאָנען.

מיר זיינען געפערליכע יאַטן,
מיר ווייסן קיין זעט און קיין דרימל.
מיר וועלן צעשטעכן דעם הימל
מיט אונזערע רויטע פלאַקאַטן!

זאָל רינען דאָס בלוט, ווי פון רינוועס,
פון הימלען, פון סנאָבישע, בלויע.
צעעפנט זיך, קוואַלן פון תוהו,
וואַשט אָפּ פון די וועלטן דעם שפּינוועבס!

עס הענגען אַראָפּ בלויע צויטן:
גיט יעדן פון הימל אַ שטיקל.
— מיר האָבן פאַרברענט אַלע בריקן —
פון דורות צו דורות די קייטן.

צעקנאַלט זיך, עקסטאַטישע שטורעמס,
צעהאָגלט זיך, בליציקע פיילן!
מיר וועלן צעוואַרפן די זיילן
פון אייערע מעכטיקע טורעמס!

מיר וועלן די פאַרביקע ווינטן
אין דלאָניעס אין שטאָליקע צוימען.
מיר וועלן מיט שטערן פון רוימען
די הערצער אין פייערן צינדן.

מיר זיינען געצונדענע קנויטן,
וואָס ברענען אין פלאַם אומפאַרצערבאַר.
מיר היטן די וועלט, ווי דער שפּערבער
זיין קרבן אויף דאַרפישע פלויטן.

ווער גנב'עט פון הימלען די שטערן?
ווער ברעכט דעם פאַרריגלטן טויער?
מיר זיינען אליין נישט קיין בויער —
מיר זיינען גערופן צו שטערן.

מיר רייניקן בלויז אָפּ די וועגן
פאַר בויער פון ליכטיקן מאָרגן.
מיר האָבן דעם נעכטן דערוואָרגן —
מיר מעגן! מיר מעגן! מיר מעגן!

.7

העי, קוקט, ווי עס קומען געל-הויטיקע האָרדעס
פון כינע, פאמיר און יאַפּאַן,
אין גיריקע אויגן פון שפּיציקע מאָרדעס
ברענט אוראַלטער אייביקער וואַן.

און הערט: נישט פון סיני — פון די הימאַלאַיען
און נישט פון דעם איינציקן גאָט, —
זיי ברענגען דער וועלט אַ תורה אַ נייע
און נייע צען געבאָט.

וועט עמיצער וואַגן זיך שטעלן אַנטקעגן
דעם טראָציקן, בליציקן שפּאַן,
וואָס שטורעמט און רייסט זיך אַריבער די ברעגן
פון רוים, קאָנטינענט, אָקעאַן?

דאָס זיינען די ריטער פון אייביקן וואָגלען,
די זעער פון בלוטיקן גייץ.
זיי וועלן אייך אַלעם, ווי יעזוס'ן נאָגלען
צום שענדלאכן הילצערנעם קרייץ.

און יובלען וועט איר מיט געזאַנג און געשרייען
צו ווילדע אַרמייען אַ לויב
און קושן די טריט פון די שטאָליקע רייען
וואָס וועלן אייך טרעטן אין שטויב.

ב.

# פון מיין פרוש׳דיגער צעל

זונזעער
בראָדוויי
ליאָלאַ
גרוי־טאָג
פרישות (סאָנעטן־רינג)

פרישות ברייִנגט צו טהרה.
טהרה ברייִנגט צו קדושה.
קדושה ברייִנגט צו רוח הקודש.
(עבודה־זרה דף כ׳.)

## דאָס ליד פון פּרישות

איז מײַן צעל אַ נעסט פון זינד און שלאַנגען.
גרויע ווענט מיט שימל אין די שפּאַלטן.
פאַלן טויט געשאָכטענע פאַרלאַנגען.
פאַר די אויגן — זינדיקע געשטאַלטן.

אויפן שפּיץ פון אויסגעצערטן ווײַזער
פון דעם אַלטן גרויען טורעם-זייגער,
איבער קרומע הויקערדיקע הײַזער
הייגגט דער מולד, ווי אַ בלאַסער פּגר.

נאַכט פון דבֿקות ציט זיך לענגער, לענגער.
שאַרפער קוועלט דעם פּרוש דער נסיון.
צינט דער אַלטער גוטער שטערנהענגער
קאַלטע ליכטער אין דעם רוים דעם בלויען.

אין עקסטאַז פון זינדיקע באַגערן
וואַכן אויף די אָנגעשפּיצטע גלידער.
דעמאַלט גייען אויף אין מיר, ווי שטערן,
מײַנע שטילע פּרוש'דיקע לידער.

## ז ו נ ז ע ע ר

וואַכט אויף, איר, זונזעער, וואַכט אויף, —
די נאַכט פון הימלען יאָגט דער מאָרגן.
דער מזרח ברענט — און אייער חוב
איז ערד און ים מיט זון באַזאָרגן.

פאַרשפעטיגט. ים און זון און ווינט
אַ דרייבונד האָבן שוין געשלאָסן:
מיט שפריי פון ליכט און שוים פון זינד
דעם פרוש'ס צעל און זעל באַגאָסן.

דאָס גראָז איז נאַס פון מאָרגן־שפריי.
די זעל איז פול מיט הייסע וואונשן.
די נאַכט פון פרישות איז פאַרביי —
דער טאָג פון זינד העלט אויף אין זון־שיין.

די זינד איז זיס אין גאָט'ס געצעלט,
ווען זון פאַרצערט דעם מאָרגנשטערן,
ווען קאַרשנבליט וואַכט אויף און קוועלט
און עפנט זיך און וויל ערשט ווערן.

נישטאָ קיין אויסוועג. זומער־טעג
דעם פרוש'ס זעל מיט זינד באַזוימען.
קלינג, וועג־מיין־אומוועג, אומוועג־וועג,
מיט זונען־טריט אין העלע רוימען.

## גלויבט מיר

לאָקט מיך דער טאָגיגער, לוסטיגער רוף,
קוועלט מיך די נאַכט, פול מיט פיין און סיגופים.
גלויבט מיר, איך פייניג מיין זינדיגן גוף
אייך צו דערלייזן פון אייערע גופים.

זע איך אַ זעאונג, וואָס פייניגט און קוועלט:
לויערן אימות אויף חרוב׳ע וועלטן.
ווער וועט דערלייזן די חרוב׳ע וועלט,
ווער וועט אייך ברייננגען צום רוים צום באַזעלטן?

שטאַרקט זיך דער טאָגיגער לוסטיגער רוף,
רייצט אויף מיין בלוט אין מיר בייזער און בייזער.
גלויבט מיר, איך פייניג דעם זינדיגען גוף
פון דעם געלייטערטן שטומען דערלייזער.

## דער פּרוש אויף בראָדוויי

קאַליידאָסקאָפּיש, גראָטעסק און בונטער
פון טעאַטער, מוזיי און מאַרג
טורעמט אויף דער נס פון יאָרהונדערט —
די אַפּאָקאַליפּסישע שטאָט נו־יאָרק.

אַ מכשף אין פּורפּורנע טאָגן,
אַ געהילטער אין העלן געשריי,
אויף אַ בליציגן פייער־וואָגן
איבערן ליכטיגן וועג — בראָדוויי.

אים אַנטקעגן אין בליאַסק אין פראַגילן
פון אַפּאָקאַליפּסישן פייער־לאַנד
שפּאַנט דער פּרוש אין טלית־און־תפלין
מיט דער זונה לי ביינאַנד.

ווען דער אָוועט — אַ לוסטיגער שכור —
טרייבט פון הימלען דעם ניכטערן טאָג,
שטראָמען ליכטער, ווי פאַרביגער ליקער,
פון די לאָמפּן אויף יעדן ראָג.

אין דער שטאָט פון שטאָלענע ראָמבן,
וואו אַ ראָמב אויף אַ ראָמב רוט,
צינדן רויטע עלעקטרישע לאָמפּן
העלן אומרו אין פּרוש׳דיג בלוט.

.1

עס הייגגט אויף דיין אַלטאַר מיין פּרוש'דיגער טרויער
אַריבער דיינע ליכטער, ווי אַ ווייסער לאַם.
די שלאַנגען־צונג פון האַס האָט אויפגעבליצט מיט סם
אויף פייערדיגן שוועל פון דיינע טיר־און־טויער.

האָסט מענשן טויזנטער געצוימט אין פייער ראַם,
מיט האַרץ און זעל געשמידט צו יעדן הויכן מויער,
האָסט פעלקער צענדליגע געטריבן אויף דיין לויער —
אין דיינע פייערן די גסיסה פון מיין שטאַם.

מיין האַס צו דיר, בראָדוויי, מיט אַלע דיינע שילדן,
וואָס טאַנצן — שיכור'ע — אין קאַראַהאָד אין ווילדן
מיט בליאַסקן בליציגע און דזשאַזידיגן קלאַנג.

פון פּרוש'דיגער צעל — אין שטילן צער געבויגן —
ביים לעצטן אויפבליצן פון מיינע טויטע אויגן
האָב איך אין גסיסה־ווייי דערזען דיין אונטערגאַנג.

.2

װי זאָל איך אױסדריקן, װי זאָל איך איבערגעבן
מײן אָרעם־לעבן אױפן רױשיקן בראָדװײ?
כאָטש אָנהױבן דערפון: אױף יעדן ריר־און־דרײ
בין איך געצװאונגען אױסמײדן אזױ־פיל קעב'ן.

עס שמעקט מיט גאַזאָלין, מיט פרױען־לײב און שנײ.
אױף הימלען נאַכטיגע אױזאָרן ליכטער װעבן.
װער קאָן באַמערקן דאָ מײן שטיל־און־אָרעם לעבן,
װער קאָן דערהערן דאָ דעם פרוש'ם אױסגעשרײ?

געקרײציגט הײנגט מײן שטאָם אױף טױזנטער בראָדװײען.
װי זאָל איך אױסדריקן די לעצטע שטומע װײען
פון גוסס'דיקן שטאָם אױף דײן אױטאָ־דאַ־פע?

װי זאָל איך אױסמעסטן דײן חוצפה און דײן העזה,
װען איבער דיר גײט אױף מײן װיאַ־דאָלאָראָזאַ: —
מײן קרומער קרײץ־װעג: פון טעאַטער אין קאַפע!

.3

געשפּענסטער הויערן — בלאָס־הויטיגע געזיכטער —
דורך פענסטער אָפענע צום אָוועגטיקן וואָן.
ס'האָט ווער אַ וואָרף געטאָן פון בליציקן עקראַן
אויף הימלען פאַרביקע מאָזאַאיקע פון ליכטער.

די פולע לבנה היינגט — אַ גאָלד־געפּוצטע פאָן —
אַריבער אַלע שילדן שטרענג אַזוי און ניכטער.
און איבער אַלע קעפּ און איבער אַלע ליכטער
געקרייציגט היינגט אין פּיין דער לעצטער פון מיין קלאַן.

דער עלענט יאָגט אַרום אויף אַלע דיינע סקווערן,
אויף שילדן בליציקע — מאָזאַאיקע כימערן —
אין אייליקן געלאָף פון פייערדיקן שפּאַן.

אויף ווינטן פאַרביקע — צעשויבערט און צעבראָכטע
געשפּענסטער לויערן, ווי טייוולישע כאַליאַסטרעס,
דורך טראָציקן געדריינג צום אָוועגטיקן וואָן.

.4

װי ס'אױסגעצערטע פּנים פֿון אַ בלײכער נאָנע
בשעת זי קניט אין פּחד פֿאַר דעם לעצטן סוד, —
אַרײַנגעקלעמט אין קרײַז פֿון שטערן־קאַראַהאָד,
הײנגט — אַ פֿאַר'חלש'טע — אין הימל די לבנה.

און גוט איז מיר אַזױ — פֿאַר'יתום'ט, נע־װנד —
צו בראָדיען אױף בראָדװײ מיט פֿײַנליכער כּונה:
אין יעדער זונה זען אַן ערדישע מאַדאָנע,
אין יעדן זינדיקן — אַ נישט־געקרײַצטן גאָט.

װאָס זאָל איך טאָן מיט זיך אין אָװנטיגע שעה'ן,
װען ס'לעבן אױף בראָדװײ גײט אױף מיט ריזן־קלאָען
און שפּינט דעם פּרוש'ם זעל אין פֿײַערדיגן ראָד?

װאו נעמט מען אברם'ס האַנט צושמעטערן די געצן?
װי זאָל איך בײַקומען די אומזיכטבאַרע נעצן,
װאָס שפּרײט דעם פּרוש'ם האַרץ די זונה'דיגע שטאָט?

.5

די טויטע פייערן אויף לעבעדיקע שילדן
מיט בלויע קנויטן צינט דער אָוועגטיקער לץ.
און פונקען בליציקע צעלויפן זיך ווי קעץ
אויף הימלען נאַכטיקע אין העלען לויף אין ווילדן.

אַפּאָקאַליפּסיש־קלוג וואַכט אויף דער געלער געץ
מיט שמייכל טראָציקן און ליידנשאַפטליך־מילדן.
און שמייכלען בליציקע דעם אָוועגט־רוים באַגילדן
און שפּרייטן איבער קעפּ אַ פייערדיקע נעץ.

מיין האַס צו דיר, בראָדוויי, אין גוסס׳דיקן האַרצן,
מיין אויפגעבליצטן סם, מיין שנאה־סם דעם שוואַרצן,
מיין הייסן האַס צו דיר האָב איך געכאָוועט לאַנג.

פון פּרוש׳דיגער צעל — אין שטילן צער געבויגן —
ביים לעצטן אויפבליצן פון מיינע טויטע אויגן
האָב איך אין גסיסה־ווייַ דערזען דיין אונטערגאַנג.

## ל י אָ ל אַ

ליאָלאַ — די שענסטע פון דאַמען —
פאַר דיר מיין טיפסטער פאַרנויג.
וויפיל לוסט האָסטו אין זיך געזאַמלט
פאַרן פרוש׳ס אויסגעצערט אויג!

איך האָב פיינט די געטאַקטע גלידער
פונ׳ם נאַקעטען פרויען־לייב,
ווייל דעם פרוש׳ס האַרץ איז דערווידער
דער טערפּקער גערוך פון ווייב.

בלויז ליאָלאַ׳ס בריסטן רייצן
דעם פרוש׳ס געצוימטע בלוט,
מיט שווערע באַגערן פאַרפלייצן
און פאַרברענען מיט זודיגן גלוט.

כ׳וואָלט ליבערשט דיין מאַן געווען, — איידער
אויסגיין פון תאוה און פיין, —
האָב איך אָבער געגעבן אַ נדר
אַ פרוש אַ וויסטער צו זיין.

איך וועל אויפשטייגן צו דיר, ליאָלאַ,
איבער מיינע פרוש׳דיגע ווענט —
פאַרברענט ווערן, ווי סאַוואָנאַראָלאַ,
אויפן שייטערהויפן פון דיינע הענט.

## דזשיאַקאָנדאַ

כ'בין פאַרליבט אין דער שענסטער פון דאַמען,
נאָר איר נאָמען איז פאַר מיר אַ סוד.
אַ געזיכט אַזאַ זעט מען אין ראַמען:
אויפן טראָן אָדער עשאַפאָט.

אין דער שעה פון געלייטערטער פרישות,
ווען דער לעצטער היכל פאַלט,
קוקט אַרויס פון אַלע נישעס
איר פאַרפירעריש-פרום געשטאַלט.

בײַ מײַן פרוש'דיק בעט דעם האַרטן
אין מײַן אײַנזאַמער גרויער צעל,
פיל איך שטענדיק דעם הויך דעם צאַרטן
פון איר בלויער ניט-דאָאיגער זעל.

ס'איז גענוג אַ ריר אָן מײַן שטערן
פון איר דינער און שמאָלער האַנט, —
און נישטאָ מער די בייזע כימערן
אויף דער גרויער און טויטער וואַנט.

אין דער שעה, ווען איך צווייפל און שטרויכל,
קוקט זי תאווה'דיק-קלוג און מילד,
מיט דזשיאַקאָנדאַ'ס צווײדײַטיקן שמייכל
אויף דאַ-ווינטשי'ס אייביקן בילד.

## ד אָ ס  ל י ד  פ ו ן  ד ע ר  ז ו נ ה  ל י

כ׳זויים נישט ווען גאָט וועט הייגט מיר שיקן
פיינליך צערטלען ס׳אייביג-פרעמדע לייב:
אפשר וועט דאָס זיין אַן אַלטער שיכור,
ווען ס׳האָט שוין לאַנג פאַרלאָזט דאָס ווייב.

אפשר וועט דאָס זיין אַ טריבער זינדער,
וואָס פאַרשפּעטיגט האָט זיין לעצט געבעט,
איבער מיר אין ליידנשאַפט אין בלינדער
פאַלן וועט אַ טויטער אויף מיין בעט.

אפשר גאָר אַ יונגער פרוש, ווען עס
דאַרן גוף פאַרצערט די שווערע לוסט, —
זוכנדיג דעם אייביג-וויטן אמת,
פאַלן וועט אַ מידער אויף מיין ברוסט.

אַלע זיינען זיי בלויז קליינע רינגען
פון מיין לאַנגער גרויער לעבנס-קייט:
אַלע וואַרפן אין מיין גוף דעם גרינגען
שטומען פיין און אויפגעפּראַלטע פרייד.

נישט פאַר זיי די זודיגע פאַרלאַנגען:
ס׳פרעמדע לייב בלייבט קיינעם נישט געטריי.
זונה׳ס ווילן קיינעם נישט באַלאַנגען,
זונה׳ס ווילן אייביג בלייבן פריי.

מיר איז גוט אין איינזאַמקייט פון טרויער,
מיר איז גוט אין פיינליכקייט פון גליק,
יעדע נאַכט אַרויסגיין אויף מיין לויער
און אַמאָל נישט קומען מער צוריק.

## ג ר ו י ־ ט אָ ג

טויאיגט זיך מיין נעבלדיגער גרוי־טאָג
מילכיג־בלאַס, ווי אַ פאַרבעלמעט אויג.
קריכט מיין לעבן אומעטיג און קויטיג,
ווי דאָס לעבן פון אַ בלודנער צווייג.

אַך, ווי מיר איז שוין אויף טויט דערעסן
יעדער אבר פון מיין אייגן לייב:
יעדן טאָג דעמזעלבן מאָלצייט עסן,
יעדן אוונט צערטלען ס'זעלבע ווייב.

ס'ווערט דאַך נמאס אייביג ווידערהאָלן
זיך אליין אין פיינליכן געמיש:
יעדן טאָג דאָס זעלבע פנים גאָלן,
יעדע נאַכטביים זעלבן קאָרטן־טיש.

טעג און נעכט — ראַכיטישע מעת־לעת'ן —
גופים־שטרוי — מיט אָפּגעהאַקטע קעפּ, —
פראַוועז טויטע טרויעריגע מעסן
איבער גרויע שווינדלענדיגע טרעפּ.

טרויערט, לויערט, טויאיגט זיך מיין גרוי־טאָג
איבער הייזער, איבער דאַך און פלויט.
ס'איז נישטאָ קיין ווייטאָגדיגער ווייטאָג,
ווי דאָס לעבן, וואָס איז ערב טויט.

## מענש

שפּאַנען טעג — צעגליטע, זוניגע —
באַרג־אַראָפּ אין ווילדן לויף.
ציהען נעכט, ווי שטערנקלייבערינס,
צו די הימלען — באַרג־אַרויף.

שפּרייזט די צייט — אַ גרויע רייטערין —
אין אַ כשופ׳דיג געלאַף.
קריכט דאָס לעבן — אַ פאַרזעהעניש —
צו דעם אור־קוואַל פון באַשאַף.

שטייט דער מענש און קוקט און וואונדערט זיך:
באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ.
פאַלן טעג און נעכט, ווי שטערנשטויב
אויף זיין שטאָלצן, מידן קאָפּ.

יאָגן טעג און נעכט און בייטן זיך.
און דער הויקער־לעבן וואַכט.
שטייט דער מענש אַ צוגענאָגלטער
צו דעם קרייץ פון טאָג און נאַכט.

## נע־ונד

דיך באַליידיגט מיין פיינליכער גנאָד,
איך בין מיד פון די טעג פון די טריבע.
מיר איז ליבערשט צו זיין נע־ונד —
ווי זיך טיילן מיט גוסס׳ער ליבע.

מיר איז בעסער נאַכט־איין און נאַכט־אויס
ס׳גאָלד פון האַרבסט־טעג מיט נאַכט־חושך מישן,
אין אַ פרעמדן, פאַרדעכטיגטן הויז
זיך פאַרטאָגן מיט שפּילער ביי טישן.

און פאַרגעסן אָן ווייב און אָן קינד,
פילן טעמפּ, ווי די פרייד ווערט פאַרלאָשן,
און זיך רייסן מיט זיי, ווי מיט הינט,
איבער יעדן געוואונענעם גראָשן.

אין דערפרי — נאָך דער נאַכטיגער שפּיל —
מיד פאַרבייגיין דיין פענסטער דעם הויכן,
פון געמיט, פון מיין קניהיגן, שטיל
וועט מיין זעליג געבעט צו דיר גרייכן.

מיר איז ליבערשט צו זיין נע־ונד,
אויף געפּלאָסטערטע גאַסן פאַרוואָגלט,
מיט מיין האַרץ, ווי דער גליל׳ער גאָט,
צו דעם קרייץ פון דיין ליבע גענאָגלט, —

איידער פילן דיין פיינליכן בליק
איבער טעג אַלע אונזערע טריבע,
איידער שיינקען געבעטענעם גליק
און זיך טיילן מיט גוסס׳ער ליבע.

# פרישות

## סאָנעטן-רינג

### .1

נישטאָ קיין צער קיין שאַרפערער, ווי וועלן גרייכן
דאָס נישט-דערגרייכבאַרע — און בייגקן נאָך דער ערד, —
קיין שטראָף קיין שווערערע, ווי אייביק זיין באַקערט,
מיט אויגן זינדיקע צו שווינדלענדיקע הויכן.

איך נעם מיין גורל אָן: וואָס ס׳דאַרף זיין איז באַשערט.
פון קינדווייז אָן באַגלייט מיין זעל אַ העלער צייכן.
נישטאָ קיין שעה פאַר זאָרג, קיין צייט נישט זיך צו מוח׳ן,
דאָס לעבן פליסט ווי ווייַן און נייעס ,זין געבערט.

דאָס לעבן פליסט, ווי ווייַן פון אויסגעקערטע לאָגלען.
די פרוש׳דיגע זעל פאַרנעמט דעם לעצטן רוף.
פאַר סעודות טאָגיגע, פאַר וואַנדערן און וואָגלען,
פאַר דבקות נאַכטיגע — מיין אויסגעצערטער גוף.

איך וועל דערהויבן זיך צום שווינגענדן ווירוואַר
און פאַלן צו דער ערד — אַ וואַקסענער איקאַר.

.2

און פאַלן צו דער ערד אַ וואַקסענער איקאַר,
דאָס אומפאַרצערבאַרע דערגרייכן און פאַרצערן.
דעם פרוש'ם האַרץ איז פול מיט נאַכטיגע באַגערן,
דער טאָג דער לויטערער באַפרייט אים פון געפאַר.

דער פרוש קאָן דער וועלט פאַרגעבן אַלע טרערן,
נאָר נישט דעם פינסטערן דעם נאַכטיגן קאָשמאַר.
געבענשט זאָל זיין די קראַפט, וואָס מאַכט פון מילב אַ גבר,
די קראַפט די זוניגע פון אייביג וועלן ווערן.

געבענשט זאָל זיין די מאַכט, די צווייאידיגע מאַכט,
וואָס קושט די זעל מיט פלאַם און קילט מיט פרישע טויען:
ביי טאָג — אַ דאָן-זשואַן, אַ פרוש — ביי דער נאַכט
בין איך. און שווער איז מיר דער דאָפּעלטער נסיון.

— אין טעג אין זוניגע, אין נאַכטיגן ווירוואַר
נישטאָ קיין גרעסערע, קיין ווייטאָגדיגער צער.

### .3

נישטאָ קײן גרעסערער, קײן װײטאָגדיגער צער,
װי שטײגן אין דער הױך און בענקען נאָך די תהומ׳ען.
װער קאָן די קראַנקע זעל, די פּרוש׳דיגע, צוימען,
דאָס האַרץ אָװעקרײסן פון נאַכטיגן אַלטאַר?

מײן העלער טאָג װאָלט אַלץ געקענט מיט גאָלד באַזױמען,
װען נישט די שװאַרצע צװיג — דער נאַכטיגער קאָשמאַר,
װאָס קוקט הכנעה׳דיג און הינטיש-קלוג און שטאַר
און שטיקט זיך אין דער שטיל מיט בײנערדיגע טרױמען.

װער קאָן דעם פּרוש׳ס האַרץ צום קרײַץ אױף אײביג נעגלען,
דעם שטײן דעם ערשטן װער װעט נעמען אין דער האַנט,
װען ער האָט אָנגעשפּיצט די רעזיגנירטע זעגלען
צום לאַנד צום אײביגן, צום לעצטן שװאַרצן ראַנד?

זײן זעל זינקט טיף אין תהום, — נאָר ער װעט העכער גרײכן,
צו זען די װעלט פאַרגײן אין פלאַמען און אין רױכן.

### 4.

צו זען די וועלט פאַרגיין אין פלאַמען און אין רויכן
און פיינליך זעטיגן דעם זודיגן באַגער.
פאַרצער דאָס זינדיגע, דאָס הייליגע צעשטער,
פאָלג נאָך אין שטילן פיין דעם רעגנבויגן-צייכן.

און ס׳טרעפט אַמאָל ביינאַכט: דעם פרוש׳ס האַרץ ווערט לער,
דאָס אויסגעשטאַרטע אויג האַלט וואַך אין אַלע הויכן, —
קיין ים׳ען טרערן קאָנען דעמאָלט נישט דערגרייכן,
וואו ס׳גרייכט דעם פרוש׳ס איינציגע פאַרשטיקטע טרער.

אין שעה׳ן נאַכטיגע בליצט אויף אין שטילן טרויער
זיין שוואַרצע ביינקעניש נאָך רויטער ליבע-זעט.
נישטאָ קיין האַרץ אַזאַ, נישטאָ קיין שטומער טויער,
וואָס זאָל נישט דורכברעכן זיין זינדיגער געבעט.

אין תאוה׳דיגע נעכט, אין טאָגיגן ווירוואַר
דעם פרוש׳ס צעל איז ענג, דאָס פנים בלייך און דאַר.

.5

דעם פּרוש'ס צעל איז ענג, דאָס פּנים בלייך און דאַר,
דער גוף פֿאַרצערט און מיד, דאָס שטומע האַרץ — אַ זיגל.
פֿאַר טעג — אַ לאַבן ברויט און וואַסער אין אַ קריגל,
פֿאַר תּאווה'דיגע נעכט — אַ זינדיגער קאָשמאַר.

געלייטערט ווערט די זעל אין גאָט'ס יצירה־טיגל,
ווען ס'טרעפט אין ענגער צעל, פֿאַרבענקט אין טיפֿן צער,
נאָך שווינדלענדיגער הויך, צום פֿינקלענדן אַלטאַר,
גייט אויף אַ העלע שיין פֿון אויפֿגעבליצטע פֿליגל.

דאָס שטומע האַרץ איז קאַלט, די צונג אין מויל איז טרוקן,
דאָס פּנים איינגעשרומפּט, דער גוף אַ שוואַך געפּעס.
ס'וואַכט אויף דאָס קאַלטע האַרץ, ס'ווערט גלייך דער קרומער רוקן,
ווען אין דער שוואַרצער נאַכט בליצט אויף דער העלער נס.

זיין זעל די זינדיגע מוז זיבן זונען גרייכן,
זיין האַרץ דאָס זוניגע הייגגט איבער אַלע הויכן.

.6

זיין האַרץ דאָס זוניגע היינגט איבער אַלע הויכן.
די פרוש׳דיגע זעל — פון דאָפּלטקייט אַ רויב.
די ווייסע „טויב“ שיידט אָפּ איין אות בלויז פונ׳ם „שטויב“ —
איין טראָט איז בלויז פאַראַן פון פאַלן ביז׳ן גרייכן.

צו דיר, געמיטליכקייט, אין שטילן צער מיין לויב!
ווי גוט איז מיר אַזוי אין אָוונט-ליכט אין בלייכן
אין צעל — אַן איינזאַמער — פאַרטראַכטן זיך און רויכן
און בלייבן צו דער וועלט אַ פרעמדער — שטום און טויב.

די קנוילן רויכינע פאַרמירן זיך אין רינגען.
אין טונקלקייט פון צעל דערזע איך דיין געשטאַלט,
מיין נישט-דערגרייכטער טרוים! דאָס האַרץ נעמט העכער
שווינגען,
די פרוש׳דיגע זעל אין טיפן אָפּגרונט פאַלט.

אַ פרייד גייט אויף אין מיר אין אָוונט-ליכט אין בלייכן,
אין שעה׳ן שטראַליגע דורך שווינגען און דורך טויכן.

.7

אין שעה'ן שטראַליגע דורך שווינגען און דורך טויכן,
דיר, רויכיגע געשטאַלט, מײַן לויטערער געדאַנק!
דורך דײַן פאַרנעפּלטקייט פאַרנעם איך אַ געשאַנק
פון ספערן וואָגלענדע אין פײַן פון וועלן גרייכן.

פאַר ליפּן דורשטיגע ביזטו אַ זים געטראַנק,
פאַר אויגן טונקעלע — אַ װעגװײַזער צו הויכן,
אין נעכט אין פינסטערע ביזטו אַ העלער צייכן
צום שטערנדיגן רוים פון זינדיגן געזאַנק.

דו שטילסט אין פרוש'ם האַרץ די זינדיגע באַגערן,
וואָס בײַטשן אויף מײַן בלוט מיט פייערדיגער בראַנד, —
איך וואָלט מיט דיר געקענט דערגרייכן ביז די שטערן
און אונטערגיין מיט דיר אין גרויען אָוונט־לאַנד.

נאָר קניענדיג פאַר דיר ביים נאַכטיגן אַלטאַר,
זע איך די וועלט פאַרגיין אין פלאַמיגן ווירוואַר.

8.

זע איך די וועלט פאַרגיין אין פלאַמיגן ווירוואַר.
די אָוונטיגע וועלט איז פול מיט גאַל און רשעות.
אין שולן הייליגע, אין קלויסטערדיגע נישעס
פאַרפאָלגט דעם פּרוש׳ס זעל אַ זינדיגע געפאַר.

עס שווינגען קאַראַהאָדן טאַנצנדיגע אשה׳ס
און בייטשן אויף זיין בלוט מיט בליקן — פרעך און שטאַר —
בשעת דער פּרוש קניט ביים נאַכטיגן אַלטאַר, —
און שווער איז אים דער יאָך פון איינגעצוימטע פּרישות.

קיין אויסלייז איז נישטאָ פון זינדיגן עקסטאַז
און קיין באַהעלטעניש פון נאַכטיגע כימערן.
ווי ס׳הוילע אויג ווערט מיד פון בילשטשענדן טאָפּאַז, —
אַזוי ווערט מיד דער גוף פון אייביגע באַגערן.

מיין גוף איז מיר צו לאַסט, צו שווער איז מיין פאַרמעג.
האָב איך צעשענקט צו בעטלער מיינע יונגע טעג.

.9

האָב איך צעשענקט צו בעטלער מיינע יונגע טעג,
מיין גאָלד־באַזוימטע זעל — צו אָרימע און שטילע,
געבליבן איז פאַר מיר אַ וואָכעדיגע תפילה,
אַ נישט־דערזאָגטע פרייד, אַ לעבן אָן אַ וועג.

כ'האָב נישט געגאַרט פון זיי קיין לוין, קיין דאַנק אפילו.
אַ זאַק־רויב איז צו זיי מיין גאָלדענער פאַרמעג.
דעם פרדס זייערן וועל איך פון ברעג צו ברעג
צעטרעטן מיט די פיס, איך — הערראָסטראַט־אַטיללאַ!

נישטאָ קיין לוין אַזאַ, ס'איז גאָר נישטאָ קיין שכר
פאַר נישט־דערפילטער פרייד, פאַר האָפנונגען געגאַרטע.
ברוויז אויף אין מיר, ווי ווײַן, מיין פרוש'דיגער צער,
פאַרגיס מיט פייער־גאַל באַגערן נישט־דערגאַרטע!

צו בעטלער — מיינע טעג צעשענקט אין פרעמדע צעלטן —
צו פרויען מיינע נעכט אין וואַנדער איבער וועלטן.

.10

צו פרויען — מײנע נעכט אין װאַנדער איבער װעלטן
האָב איך פאַרשװענדט אין זוכעניש פון העלן ליכט.
כ'האָב פרויען צענדליגע מיט שנאה־סם פאַר'איכ'ט,
נאָר פרויען האָבן מיך באַזיגט מיט ליבע זעלטן.

זײ, פרוש, דרײסט און װאַג: דאָס פרויאישע פאַרניכט.
נישט מיר זאָל זײַן דײַן צונג פון בענשן זײ און שעלטן.
און קלײַבן זײ דיך אױס פאַר זײער אױסדערװעלטן, —
דו שפּײ מיט גאַל אין זײער זונה'דיג געזיכט!

ס'איז זיס דאָס אױפשטײַגן, נאָר זיסער איז דאָס פאַלן
אין זײער לאָקענדער פאַר'כשוף'ענדער נעץ.
זײ, פרוש, דרײסט און רײַס אַרונטער די װאַלן
פון דעם כימערעדיגן אָנגעפאַרבטן געץ.

אַ לעבן אױסגעלעבט. מיך פירט בײַם ראַנד פון טעג
אױף הימלען מילכיגע אַ שװאַרצער טרױער־װעג.

## .11

אויף הימלען מילכיגע אַ שוואַרצער טרויער־וועג
פירט מיך, דעם זינדיגן, אין ליכטיגע היכלים.
ביים זייט באַגלייטן מיך מלאָכים און טייוואָלים
און טראָגן שוואַרצע נעכט און גאָלד־באַזוימטע טעג.

צי איז דאָס אויפ'ן וואָר, צי איז דאָס בלויז אַ חלום:
די טריט מלאָכי'שע, דער טייוולישער געיעג —
אויף פליגלען לויטערע — ווי סנאָפּעס — מיינע טעג
דערטראָגן זיי צו גאָט: — „פאַר זיינע טעג באַצאָל אים!“ —

און מאָרדעס טייוולישע, פאַרקרומטע פון האַס און שפּאָט,
און אויגן שלאַנגישע, ווי שאַרפן פון חלפים,
פאַרקלאָגן מיינע נעכט די זינדיגע פאַר גאָט:
„באַשטראָף, אַלמעכטיגער, פאַר שוואַרצע נעכט באַשטראָף
אים!“

קיין רעטונג איז נישטאָ. אַ האַנט אַריבער וועלטן
פירט מיך צום לעצטן ראַנד פון שווינדלענדיגע צעלטן.

.12

מיך פירט צום לעצטן ראַנד פון שווינדלענדיגע צעלטן
אַן אומפאַרצערבאַרע, אַ פייערדיגע האַנט.
מיין דאַרן גוף צינדט אָן אַ גיהנם'דיגע בראַנד,
וואָס שפּריצט מיט פונקנשפּריי פון רוים פון אויפגעהעלטן.

נאָר גרוים איז שדי'ס גנאָד ביים זוים פון לעצטן ראַנד:
מלאָכים זיגן אָפּט, טייוואָלים זיגן זעלטן.
כביכול'ס מילדער בליק אויף מיר — דעם אויסדערוועלטן,
פירט מיך אין זוניגן אין כשוף'דיגן לאַנד.

אין לאַנד פון ליכטיגע קרישטאָלענע קופּאָלן,
וואו פריי איז יעדער טראָט, באַזינט איז יעדער שטעל,
וואו ס'טראָגן הייליגע פון זונען אָרעאָלן,
וואו ס'לעבט די לויטערע די אומבאַ'גופ'טע זעל.

נאָר לאַנגווייליג איז דאָרט. איך בין אַ זון פון ערד:
אויף ראָגן שטאָטישע איז מיר צו זיין באַשערט.

.13

אויף ראָגן שטאָטישע איז מיר צו זיין באַשערט
אַ דאָן־זשואַן, וואָס גאַרט נאָך אייביגע סכנות.
דערווידער זיינען מיר די הימלישע מאַדאָנעס,
כ'האָב ליב די זינדיגע, די זונה'דיגע ערד.

מיין זעל איז מיד פון פרישות, פרומע־לייט און נאָנעס.
דער גוף האָט אויפגעוואַכט פון אימער זיין פאַרצערט.
די אויפגעפראַלטע פרייד דעם לעצטן ציל געבערט:
דעם שווערן וועג צ ו ז י ך דורך לייטערנדע כוונות.

זאָל זיין ס'איז מיין פאַרלאַנג און אפשר מיין קאַפּריז —
און זאָלן לייקענען די שוואַרצע היראָגליפן,
וואָס צייכענען מיין וועג: — פון העלן פאַראַדיז
צו תהומ'ען פינסטערע, צו נישט־דערגרייכטע טיפן, —

איין גורל בלויז איז מיר — דעם וואַנדערער — באַשערט:
אַ פרוש אַ געקרייצטער אויף דער זונה־ערד.

### .14

א פרוש אַ געקרייצטער אויף דער זונה־ערד —
וואָס קאָן נאָך העכער זיין און נידריגער פון פאַלן ?
דאָס האַרץ — אַ לאַבירינט פון אויפגעפּראַלטע זאַלן,
דער גוף — פון לוסט און וויין און פרויען־גיפט צעשטערט.

דער לעצטער קניפּ איז לויז, צעריסן די וואוּאַלן,
דאָס לעבן הפקר׳דיג, קיין זאַך איז נישט פאַרווערט.
די זעל אַנטבלויזט פון גוף, ווי פון דער שייד די שווערד —
אַ פרייד אַ זוניגע פון בלויע אינטערוואַלן.

אַ פרייד אַ זוניגע צעשטערט דעם לעצטן מויער
און צינדט די גלידער אָן מיט תאוה׳דיגער בראַנד.
דעם פרוש׳ס זעל דערגרייכט דעם זון־באַזוימטן טויער
פון אומדערגרייכבאַרן, פון כשופ׳דיגן לאַנד.

פון רוים — צום אוּונט־לאַנד, פון תהום׳ען — צו די הויכן —
נישטאָ קיין צער קיין שאַרפערער, ווי וועלן גרייכן.

## .15

נישטאָ קיין צער קיין שאַרפערער, ווי וועלן גרייכן
און פאַלן צו דער ערד — אַ וואַקסענער איקאַר.
נישטאָ קיין גרעסערער, קיין ווייטאָגדיגער צער,
ווי זען די וועלט פאַרגיין אין פלאַמען און אין רויכן.

דעם פרוש'ס צעל איז ענג, דאָס פּנים בלייך און דאַר,
זיין האַרץ דאָס זוניגע היינגט איבער אַלע הויכן.
אין שעה'ן שטראַליגע דורך שווינגען און דורך טויכן
זע איך די וועלט פאַרגיין אין פלאַמיגן ווירוואַר.

איך האָב צעשענקט צו בעטלער מיינע יונגע טעג,
צו פרויען מיינע נעכט אין וואַנדער איבער וועלטן.
אויף הימלען מילכיגע אַ שוואַרצער טרויער־וועג
פירט מיך צום לעצטן ראַנד פון שווינדלענדיגע צעלטן.

אויף ראָגן שטאָטישע איז מיר צו זיין באַשערט:
אַ פרוש אַ געקרייצטער אויף דער זונה־ערד.

# אינהאַלט:

## א. ערב־שטורעם



## ב. פון מיין פרוש'דיגער צעל

